# הונדערט לידער

פון א. ניסענזאָן

צום אַנדענקען מיין געטזעליגען
טאַטען און מיין געזעליגען ברודער.

פאַרלאַג „אונזער זשורנאל״

## א.

שטאָט, מיין שטאָט, דו ריזיג־גרויסע,
וואונדערבארע מאכט;
אונטערטעניגקייט — טאָג־טעגליך,
רווישינגקייט — ביינאכט.

פון דער ליטא׳ס וויסטע פעלדער
קום איך דאָ אהער, —
ליגט אויף מיר מיין טאטענ׳ס טרויער,
און מיין מאמע׳ס טרער.

און דער ניגון פון בית־מדרש
קלינגט נאָך אין מיין בלוט, —
שטאָט, מיין שטאָט, דו ריזיג־גרויסע
מיט דיין ווילדען וואוט,

קאָנסט מיין אומעט ניט פארטראָגען,
איך — דיין גרויסע פרייד.
בלייבען מיר זיך שוין אויף אייביג
שטאָט, מיין שטאָט, צושיידט.

ב.

ריזיגע טורעמס און הימלען פון רויך,
טומעל פון ווילדע טראַמווייען,
דאכט זיך די שטיינער צולייגטע אין גאַס,
גלייך מיט די מענשען זיי שרייען.

פייערן דאָרטען און פייערן דאָ,
אומעטום פייער און פייער;
האַרט ביי דעם ברעג פון דער שטאָט ליגט דער ים,
פונקט ווי א הונט א געטרייער.

פאָרען דאָרט נאַכטיגע שיפען אַוועק,
אַנדערע קומען פון ווייטען, —
ווער עס דערמאָנט זיך אָן לענדער אָן ווייטע,
ווער אָן פאַרגאַנגענע צייטען.

ג.

געשטאַנען איז דער אַמבולאַנס ביים טראַטואַר;
צוויי מענשען האָבען אין אַ בעטעל קאַלטערהייט אַרויסגעטראָגען
אַן אומבאַקאַנטען, און איהם שטיל געלייגט צו זיך אין וואָגען.

אין שפּעטער אָווענדיגער שעה ביים שיין פון ראָזיגען פּאַנאַר.
די רעדער גומינע אָוועקגעקייקעלט האָבען זיך אויף דר׳ערד,
און ס׳האָט קיין מענש אפילו ניט געוואוסט וואָס האָט געטראָפען;
עס זיינען גאַס און מענש אין מילדער, שטילער רוהיגקייט געשלאָפען.
און לאַנג געשטאַנען איז די גווירם ביים טיר אַזוי פאַרקלערט.

## ד.

וואַכעדיג זיינען מיר, וואַכעדיג, קליין,
גרייכט אונז די וואַכעדיגקייט ביז אין ביין ;
איז פאַר אונז קיינמאָל קיין יום טוב ניטאָ,
רוהען מיר בלויז אין האַלב נאַכטיגער שעה.
ווילט זיך אונז איינמאָל ווען געבען אַ שפּיעל,
לאָזען מיר זיך אין אַ נאַכט-וואָדעוויל.
הערען מיר דאָרטען די רעג־טיים מוזיק,
שפּרינגען דאָרט בחורים איבער אַ שטריק,
טאַנצען דאָרט מיידלאַך מיט נאַקעטע פיס,
טוט עס אַ בחור ביים האַרצען אַ ריס ;
טוט אים ביים האַרצען אַ ריס און אַ ציה,
ווערט זי זיין געטין, די טענצערקע, זי.
ציהט זיך דאָס לייווענט אַרונטער און באַלד,
ווייזט מען דיר בערג, ווייזט מען פעלד, ווייזט מען וואַלד ;
לעשט זיך אוים אויבען דער טונקעלער שיין, —
אונטער דעם פּיאַנאָ-קלאַנג דרעמעלסטו איין,
חלומ׳ט דיר עפּעס אַ הייליג, אַ שעהן, —
וואַכעדיג זיינען מיר, וואַכעדיג, קליין...

ה.

עס גנב׳עט זיך די שטאָט צו מיר אין בלוט אריין,
און אומרוהיגער ווערען מיינע טריט,
און אומרוהיגער ווערט דאָס הארץ אין מיר.
אזוי פיעל פרייד אויף יעדען ראָג,
ביי יעדער טיר,
און ביים פארגעהענדיגען טאָג
רוישט אויף, ברויזט אויף דאָס לעבען ברייט און ווילד,
און קיינער זעהט דאָך ניט וואָס פאר אן אומעט
ס׳ליגט אין דעם האלב־געלען אבאזשורען־ליכט,
אין יעטווידען געזיכט.

עס טראָגט זיך ווייט און ברייט א שטום פארלאנג
וואָס איז געבאָרען גלייך נאָך מיט׳ן ערשטען
בירגער פון ניו יאָרק;
אן אלטער טאטע גיט עס איבער צו זיין יונגען קינד,
און אָט אזוי געהט אום פון דור צו דור א שטום פארלאנג,
וואָס רוהט אויף יעטווידען געזיכט,
און שפיגעלט זיך אין יעדענ׳ס רייד,
און רוישט אין נאכטיגען געזאנג;
און קיינער האָט נאָך ניט דער וועלט פון דעם דערציילט.

עס גנב׳עט זיך די שטאָט צו מיר אין בלוט אריין...

### ו.

מיר זיינען, —
קינדער גרויסע אין א גרויסער וועלט.
קינדער האָבען ליעב צו שפּילען,
שפּילען מיר זיך אויך;
איז די זון א שפּיל פון פארבען,
איז די נאַכט א בלויזער הויך,
בייטען מיר דעם טאָג אויף אָוועגט,
בייטען מיר די נאַכט אויף טאָג,
שפּילענדיג ווי שמעטערלינגען
ארום לאָמפּ ביים ראָג.

מיר געהען, —
קינדער גרויסע אין א גרויסער וועלט.
קינדער ווייסען ניט וואוהין,
און פאר וואָס זיי געהען;
ווי עס וועבט און וועבט די שפּין
טאָג און נאַכט, אין רייהען, געהען,
געהען מיר אהין, אהין...
בייטען מיר די פרייד אויף אומעט,
בייטען אומעט אוים אויף פרייד,
און ווי קינדער שטילערהייט,
געהען מיר, פארגעהען.

ז.

האָט די שטאָט דעם מענש גערופען,
איז דער מענש געקומען;
האָט די שטאָט דעם מענשענ׳ס אַלע
טרוימען צוגענומען.

איז דער מענש אין שטאָט פאַרבליבען
וואַכענדיג, אומגלויביג,
הענט און פּנים ניט געוואַשען,
זיינע קליידער שטויביג.

האָט איהם גאָט געשיקט אַ קללה
פון זיין רוה פון אויבען;
מעהר זאָל ער זיך צו זיין גרויסקייט
קיינמאָל ניט דערהויבען.

ח.

צווישען ווענט געמויערטע,
אין די גאַסען קאַלטע,
טרעפסטו אָן אַ פּויערטע
פון דער היים דער אַלטער.

געהט זי זיך אַריינגעדרעהט
טיף אין איהר פאַטשיילע,
און אַזוי דערמאָנט זי דיך
אָן די פעלדער הוילע.

אָן די ווינטער־אָוועגטען,
אָן די זומער־לידער;
נעמט דיך אָן אַ וואַנדער־לוסט
אויף די וועגען ווידער.

געהסטו זיך און געהסטו זיך.
נעמסטו זיך אויסמאָלען:
בערגעלאַך — די מויערען,
גאַסען זיינען טאָלען.

מענשען זיינען ביימעלאַך
אין אַ וואַלד אַ טיפען, —
קלינגט עס ווי אַ מעשה׳לע
פון די אַלטע מיפען.

ט.

לעבען זיי אַלע צוזאַמען,
לעב איך אַליין אין מיין וועלט;
פרייד פון דער שטאַטיגער גרויסקייט,
אומעט פון ליטווישען פעלד.

רוישען די טעג און פאַרגעהען
שטילע, פאַרבענקטע ווי דו;
הויבט אָן דער אָווענט צו שפרייטען
ווייטע האַלב-נאַכטיגע רוה.

הויבט זיך מיין אומעט אַריבער,
טראָגט זיך אַוועק וויט און ברייט;
פיהלען זיי, ס'האָט אַ געהיימע
האַנט איבער זיי זיך צושפרייט.

ווערען זיי שטילע ווי קינדער,
גוטע, פאַרבענקטע ווי דו, —
ווען ס'הויבט דער אָווענט אָן שפרייטען
ווייטע, האַלב-נאַכטיגע רוה.

## י.

ט׳וועט אזא רוישיגע זיין היינט די נאַכט,
ס׳וועט זיך היינט קיינער שוין שלאָפען ניט לייגען;
איינער וועט שטעהן און וועט האַלטען די וואַכט,
ברענען די נאַכט וועט ער מיט זיינע אויגען.

אויטאָמאָבילען און פערד און טראַמוויי,
וועלען זיך היינט אין די גאַסען ניט טרייבען.
דער וואָס וועט געהן אין די גאַסען פאַרביי,
וועט אַ געשמידטער צום אָרט זיינעם בלייבען.

ווער דאַרף עס קומען היינט? וואָס דאַרף עס זיין?
ס׳קוקט דאָך ביי יעדען אַרויס פון די אויגען, —
און ס׳וועט די נאַכט היינט אַ רוישיגע זיין,
און ס׳וועט זיך קיינער היינט שלאָפען ניט לייגען.

## יא.

זיך אויסגעצויגען דאָ ביים ים אין ווייכען זאמד,
ווי גוט עס איז אָט דאָ אין ווייכען זאמד צו רוהען.
וואָס מענשען האָוועגען, וואָס מענשען טוען,
עס געהט דיר גאָר נישט אָן ביים ים אין ווייכען זאמד.

פון ווייטען צינדען רויטע פייערען זיך אָן,
די שטאָט די נאַכטיגע זי רוישט און רוישט,
עס האָט דער טאָג זיך מיט דער נאַכט געטוישט,
עס האָט דער טאָג זיין קאָרט פארשפּיעלט אין קאָן.

און מענשען פּאַקען זיך און קלייבען זיך אין גרופּען דאָ צונויף,
עס רופט דער בייזער שטאָטיגער געמיט, —
און הויך אריבער מיר אַ וואָלקענדעל זיך ציהט,
אַ גוטע נאַכט, איך פליה צום לייכטען וואָלקענדעל ארויף.

## יב.

זיינען גאַסען פרעמדע,
און די שטאָט איז גרויס;
געה איך אום אַ בלינדער,
ווייס ניט וואו דיין הויז.

געהען פרעמדע מענשען,
קוקען זיך ניט אום;
בלייב איך שטעהן אַ ווײלע
פרעמד אַזוי און שטום.

ערגעץ אויף אַ ראָג וואו
בלייב איך שטעהן אליין, —
ווייס ניט וואו דיין הויז איז,
ווייס ניט וואו צו געהן.

יג.

עס וואַקסען אוים קינדער פון נאַכטיגען חשך,
און הויבען ווי גרויסע אָן געהן,
און הויבען אָן לעזען די ביכער די דיקע,
און אַלץ אין דער וועלט צו פאַרשטעהן.

און געהען אַרום אין די גאַסען די ברייטע,
דורך לאַנגע, דורך רוישיגע טעג;
און מאָדנע, ניט איינער פון זיי ווערט פאַרבלאָנזשעט,
און שלאָגט זיך אַראָפּ פונ׳ם וועג.

און קומט אָן דער אָוועגט, דאַן ווערען זיי אַלע
ווי קינדער ווי קליינע צוריק,
אַזוי ווי אַ ריז וואָלט דאָרט ערגעץ געזעסען
און אייביג געוויגט זיך דאָס וויג.

## יד.

גאַסען אויס, גאַסען איין
טאַנצען קינדערלאַך אום,
אונ׳ם טאַג׳ס העלען שיין:
„רינג אַרום, רינג אַרום״.

שפּילט אין גאַס אַ טרומייט,
ציהט אַ בלינדער דאָרט אויס:
— אידען, העלפט אין זיין נויט
העלפט, אַ בלינדען אַרויס.

פאָרט אַן אויטאָמאָביל,
און זיין רויך, ווי ער שטיקט;
האָט אין מיטען זיין שפּיל
דאָרט אַ קינד וואו צודריקט.

וויינט אַ מאַמע און שרייט,
קלינגט אַן אַמבולאַנס דאָרט, —
עמיץ קומט, גיט אַ קוק,
געהט צוריק אויף זיין אָרט.

— איז דיר אומעטיג דאָ?
אין דעם שטאָטיגען יאָך? —
— ס׳איז ניט אומעטיג, ניין,
עפּעס טיפערעס נאָך.

## טז.

אַ רוהיגער ווי איך אין גאַס געהט אימיצער געבויגען,
אַ רוהיגער ווי איך אין גאַס, אַ פרעמדער און אָהן רייד, —
און הינטער אונז אַ ווילד געשריי פון קינדער אונז באַלייט,
און שטומערהייט באַגעגענען זיך ביידענ'ס גוטע אויגען...

און שטומערהייט קוקט איינער אָן מיט בליקען פרעמד דעם צווייטען
און יעדערער וויל זאָגען וואָס, און בלייבט דאָך שטום פאַר זיך, —
אַ רוהיגער געהט אימיצער אין גאַס ארום ווי איך,
און שאָטענס, לאַנגע שאָטענס צוויי אונז שטומערהייט באַלייטען...

טז.

לאנג נאָך וועט דער גרויער טאָג זיך
מיט'ן טונקעלען אָווענד בייטען;
לאנג נאָך וועט זיך ביי אונז טרעפען
בעסערע און שלעבטע צייטען.

לאנג נאָך וועלען מיר ארומגעהן
אין די שרייענדיגע גאַסען;
לאנג נאָך, לאנג וועט מען פארטומלען,
אונז מיט פרייהייט פאר די מאַסען.

לאנג נאָך, לאנג נאָך וועלען מיר דאָ
אָפּלאנגווייליגען טעג און יאָהרען;
אויף אַ פראָסטען פערד און וואָגען
וועט נאָך לאנג דער פויער פאָהרען.

גרויסער, גרויסער גאָט אין הימעל,
הערשער איבער וועלט און שטערען,
גיב אַזאַ מין גרויסען דונער,
ס'זאָל די וועלט זיך איבערקערען.

### יז.

אָוועגט, גאַסען, רעסטאָראַנען,
פייערען פאַרשייטע;
מענשען אַלערליי אין גאַסען,
נאָהענטע און ווייטע.

פרעכע טעג און פרעכע בליקען,
מישען זיך צוזאַמען;
האַראַפּאַשנע יונגע לייטלאַך
בוקען זיך פאַר דאַמען.

דעקאָלטירטע יונגע פרויען,
פּאַרפומירט די גלידער,
טאַנצען פייער־טענץ און זינגען
מאָדנע ווילדע לידער.

העי, דו שטאָט, דו ריזיג־גרויסע,
יונג בין איך און מוטיג, —
מיינע אויגען — שטיקער פייער,
און מיין האַנט איז בלוטיג! —

## יח.

אין טומעל פון דער שטאָט האָב איך דיך ניט געפונען.
געזונגען האָט די שטאָט איהר מיט־נאַכט ליד, —
פון יונג־פרויען, פון טענץ און ליבע מיד,
און פון פארגעהענדיגע, שטארבענדיגע זונען;

פון זיילען רייכע; גרויסע ליכטיגע האָטעלען,
פון רייץ און שכרות און פון יוגענדליכער זינד;
פון יונגען אונשולדיגען שטאָטיג קינד,
וואָס וואַלגערט זיך ביי אויסגעלאָסענע שוועלען.

און ערגעץ בין איך דורך דער נאַכט געגאַנגען,
און אימיצען געזוכט דאָ אין דער נאַכט;
די נאַכט איז שווער אריבער מיר אראָפּגעהאַנגען.
און אַלע טירען פאר די טריט מיינע פארמאַכט;
און מיט די אַלערלייאיגע מיט־נאַכט געזאַנגען
האָט מיך באַלייט, ניט וויסענדיג וואוהין, די נאַכט.

## יט.

אין שטאָט אין דער גרויסער אין מיטען דער נאַכט,
אויף גאַסען ברוקירטע די וועגענער רוישען,
און פייערען איינס מיט'ן צווייטען זיך טוישען,
און צינדרען זיך, לעשען אין מיטען דער נאַכט.

אָרקעסטערען קלינגען ארוים אין דער נאַכט
פון קעלערען טיפע, פון וויין און געזאַנגען,
און ס'צאַפּלען זיך שטילע נשמות געפאַנגען
פון וויין און געזאַנגען אין מיטען דער נאַכט.

אין מיטען דער נאַכט האָט זיין נעץ ווער צושפּרייט,
און לויערט מיט ווילדע פאַר'כשופ'טע בליקען;
אין מיטען דער נאַכט האַלט די נעגעל ער גרייט
אין יונגע נשמות די פרייד צו דערשטיקען;
אין מיטען דער נאַכט קוקט קיין אויג פון א גאָט
אָט דאָ אין דער רוישיגער שטאָט.

## כ.

ברענען פייערען, פייערען, פייערען,
בייזע אויגען אויף יעטווידען טראָט;
אָט די נאכטיגע, טונקעלע פייערען,
פון דער גרויסער, טראַמווייאיגער שטאָט.

צו דו ווייגסט זיך אין שטול אַ האַלב־שלאָפיגער,
צו דו וויינסט פאַר גרויס אומעט און האַס;
ס'היטען נאכטיגע פייערען, פייערען,
ס'וועט אויף מאָרגען שוין וויסען די גאַס.

וואו באַהאַלט מען זיך אוים פון די פייערען,
בייזע אויגען, אויף יעטווידען טראָט, —
העי, איהר פייערען, פייערען, פייערען,
פון דער גרויסער טראַמווייאיגער שטאָט?

## כא.

אין רווישיגע גאַסען דורך נעכט און דורך טעג,
עס ציהט זיך זיין טונקעלער שאָטען אַוועק;
וואוהין, אין צו וואָס, ווייס ניט ער, ניט די וועלט,
נאָר פונקט ווי דער ווינט אינ'ם ליידיגען פעלד,
און פונקט ווי דער וואָלקען אַריבער איהם הויך,
און פונקט ווי פון קוימענס פון הויכע דער רויך,
אַזוי ציהט ער ווייט זיך אין גאַסען אַוועק
דורך טונקעלע נעכט און דורך טעג. . .

## כב.

אום האלבע נאכט אין שטאט דער גרויסער
עס דרימלען שאטענדיגע ווענט;
אין קליינע צימערען געצעהלטע
א שאטענדיגעס נאכט־ליכט ברענט.

האט ווער פון זומערלאנד געחלום׳ט,
מיט גרינע פעלדער אומעטום,
זוכט ער אין שאטענדיגען צימער
דאס זומערדיג לאנד ארום?

האט אימיצער נאך ניט פארענדיגט
זיין ליבעס־בריוועלע צו איהר,
זיצט ער און גיסט די שענסטע טרוימען
ארויס אויף ראזיגען פאפיר.

קען ערגעץ אימיצער ניט שלאפען,
נו, זינגט ער זיך אליין א ליד
פון זומער־נעכט און העלע שטערען,
און לייכטע יונג־פרוילינגע טריט.

אום האלבער נאכט אין שטאט דער גרויסער
די אומעטיגע שטילקייט רעדט;
און ס׳וועבט זיך אויס אין מיטען נאכט
איין שטיל און הארצעדיג געבעט.

## כג.

ער זעהט:
אין גאַסען ווייטע צינדען זיך לאַנטערן,
און ברענגען מיט די שטילע אָוונט־רוה צוטראָגען;
אין אָוונד וועט זיין גליהענדיגע בענקשאַפט שטאַרקער ווערען,
און ווערען וועט אין אָוונט ער א חדר־אינגעל ווידער,
און חלום'ען: דער טאַטע זינגט די אַלטע תפילה־לידער.
און ווען אום האַלבע נאַכט וועט זיך דער קלויסטער־גלאָק צו קלינגען,
דעם נאָמען איהרען וועט ער דאַן א שטילער זינגען, זינגען,
ביז וואַנען ס'וועט דאָס גלאָקען קלאַנג אין ווייטער־ווייט פאַרקלינגען.

## כד.

עפּעם גרויט אזוי מאָדנע דער טאָג,
לאָזט ער איבער אונז אומעט צי פרייד ?
כ'ווייס ניט וואָס, נאָר די גרויקייט פון טאָג
רינגעלט שטארקער ארום אונז די קייט.

ווערען גאסען געפּאקט, ווערען פול,
יונג און אַלט, קליין און גרויס, מאַן און ווייב;
איינע רייצט זיין גאַלאנטישער נויג,
איינעם רייצט איהר גענאָסענע לייב.

ברענען לאָמפּען און היטען די שטאָט,
הילכען לידער אויף יעטווידען ראָג, —
כ'ווייס ניט וואָס, רוף עס אומעט צו פרייד,
די פארגאנגענע גרויקייט פון טאָג.

## כה.

זעהט ווי איך האָב אָנגעצונדען
מיינע פייערען אומעטום;
ברענען, לויכטען מיינע פייערען
רונד דער גאַנצער וועלט אַרום.

לויכטען, היטען מיינע פייערען,
און באַהיטען אייך פון שרעק;
ברענ׳ען העלע מיינע פייערען,
פיהרען אייך אויף אייער וועג.

ברענגען מיינע פייערען אומעט,
ברענגען אייך צומאָל די פרייד, —
אין די פייערען מיינע וועט איהר
לויטערען זיך שטילערהייט.

## כו.

הענגט דאָס לעבען אין לופט ווי אַ שלאַנג פון פּאַפּיר,
אַזוי אומרוהיג זיינען די טעג, —
נעם און הויב זיך אַריבער די מויערען אויף
און אַ נאַכט ווייט אַוועק, ווייט אַוועק.

דאָרט איז גרעסער די אומרוה, נאָך גרעסער ווי דאָ,
טאָ ניט בלייב דאָרטען שטעהן אויף אָן אָרט;
ווי דער ווינט וואָס געפינט אין זיין וואַנדער די רוה,
וועסטו אויך זי געפינען אָן דאָרט.
די פאַרבאָרגענע ווייט, ווייט אַוועק, ווייט אַוועק,
אַזוי אומרוהיג איז זי ווי דו, —
צי דו פאַלסט, צי דו זיגסט אין דער ווייט, אין דער ווייט,
וואַרט אויף דיר די פאַרבאָרגענע רוה.

## כז.

העי, וואָס דאַרפען יי און וואָס ווילען זיי,
קינדער שטילע, קינדער זוניגע,
אין די גאַסען, אין די עווענױס,
ברייטע, לאַנגע, טאָג־און־נאַכטגע.

זאָלען העלע און באַלויכטענע,
דילען ווייכע, דילען גליטשיגע;
אויף צום טאַנצען נאָר אין די קעלנער־פּרעק,
מיט לייכט־בויגיגע אַקסלען רונדיגע.

און קאַפּען דאָרט — שטילע, טונקעלע,
אבאַזשורען, ווענט ווערען שטימונגספול;
און געזאַנגען ווייך און תפלה'דיג,
און די פּיאַנאָ־קלאַנגען ווייטע, בענקענדע.

און וואָס טראַכטען זיי? — גאָר נישט טראַכטען זיי,
אין די העלע טעג, אין די שוואַרצע נעכט, —
וואָס עס טראַכט דער טאָג ווען די זון פאַרגעהט,
וואָס דער אָוונט טראַכט ווען דער טאָג קומט אָן.

כח.

עס בייט זיך דער אָוונט
אַרום מיט'ן טאָג;
און איך — אַזאַ שטילער
קוק צו פונ'ם ראָג.

דער אָוונט איז לויטער,
דער טאָג האָט אַ זון,
און איך אַזאַ שטילער,
וואָס האָב איך דערפון? —

אָט האָב איך ערשט נעכטען
ביז שפעט אין דער נאַכט,
מיט גוטע חברים
אין שענק־הויז פאַרבראַכט.

און היינט פליסט דער אומעט
אַריבער'ן ברעג, —
העי, אָווענטען קלאָהרע!
העי, זוניגע טעג!

## כט.

א שטילע האלבע נאכט.
און אין מיין פענסטער וועהט א קעלט;
עס ליגט און שלאפט די גרויסע וועלט.
און אין דער נאבט האט זיך א הונט
צואוואיעט אומעטיג און שטיל.
עס קלאפט דער שטאט־זייגער:
קלינג — — — קלאנג — — — —
די נאכט איז שטיל, די נאכט איז לאנג.
און אויף א בעט ליגט ווער אליין
און זוכט אין שלאף די שטילע רוה.
א הונט, דער שטאט־זייגער,
א מענש אן איינזאמער,
און ווייטער שלאפט די גאנצע וועלט.
א שטילע, לאנגע, האלבע נאכט.

ל.

ראַשיגע, פרעהלאַכע נעכט,
זילבערנע געלקלאַך און טאַצען;
חלומות פון ווילדען געפּעכט,
און ליכטיגע גרויסע פּאַלאַצען.

העי, העי, וואַקכאַנאַליע נעכט,
העי, העי, איהר פאַרוואָגעלטע שעה׳ן,
פון זינדיגע נעכט און פון פרויען! —

גענוג איז געבליבען דעם דרייסטען
צו זעטיגען ראַשיגע לוסט; —
דו שטעהסט און דו האַמערסט מיט פויסטען
אַליין אין דיין אייגענער ברוסט.

העי, העי, וואַקכאַנאַליע נעכט,
העי, העי, איהר פאַרוואָגעלטע שעה׳ן
פון לוסטיגע נעכט און פון פרויען! —

עס האָט זיך אַ מחנה פון קנעכט
ווי ווילדע ווירוואַרען צוהוליעט,
אין ראַשיגע פרעהליכע נעכט
צום אייגענעם האַרץ צוגעטוליעט.

העי, העי, וואַקכאַנאַליע נעכט,
העי, העי, איהר פאַרוואָגעלטע שעה׳ן
פון שיכור׳ע נעכט און פון פרויען! —

## לא.

נאכט װעט נאכטען, טאָג װעט טאָגען;
דו װעסט צאָלען פאר דיין זינד. —
העי, װער טוט זיך דאָרטען יאָגען
דורך דער נאכט און דורכ׳ן װינט? —

אומגעלאָפען, ניט געטראָפען,
און פארשאָלטען דאָס געביין, —
איין שטיק װעג, און ניט דערלאָפען,
און צובלוטיגט זיך אָן שטיין.

רויט די זון איז אין פריהמאָרגען,
רויטער נאָך דאָס בלוט װאָס רינט, —
ערגעץ ליגט דאָך דאָ פארבאָרגען
יענער װאָס פון אונז אנטרינט.

װיינען אויפ׳ן פעלד די ראָבען,
גליהט אין שטאָדט די פרייד אונז אויף,—
יאָגענדיג איין װעלט באגראָבען,
לויכט אָן אנדערע אונז אויף.

## לא.

זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד, —
זיינען מיר אלע באקאנט, אומבאקאנט. —
קינדער, אהערצו, אריין אינ׳ם ראָד,
גלויבסטו אין אָפּגאָט, צי גלויבסט אין גאָט.
זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד, —
יעטווידער טוט זיך ווי איהם איז צום האנט:
איינער טוט שלאָגען זיך קאָפּ אין דער וואנט,
ווארפט זיך דער צווייטער פון בריק און אין טייך, —
זיינען מיר קינדער געבוירענע גלייך,
בויען מיר אויף זיך א גאָלדענעם געץ,
שפּרייטען אליין פאר די פיס זיך א נעץ,
פּלאָנטערען טאנצענדיגע זיך אריין, —
שוימט אונז דאָס בלוט ווי אין שענק־הויז דער וויין.
הויבט אָן צו שוימען און רוישען די שטאָט,
טרובעט אין טרובעס און ציהט אָן די ראָד
טרובעט אין טרובעס, און פּייקעלט נאָך צו, —
בים־בום, און בים־בום, טרא־טרא און טרו־טרו —
זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד,
ציהט אונז א ניט־קיין־געזעהענע האנט
טיפער און טיפער אין שטאָטיגען רויש, —
העי, ס׳האָט די האנט אונז אין בלאָטע פארשלעפּט! —
בלייבען אונז איבער און געהען אונז אויס,
נעכט ניט דער׳חלום׳ט און טעג ניט דערלעבט,
זוניגע קינדער פון זוניגען לאנד.
טאנצען און דרעהען די ראָד נאָכאנאנד;
בעסער געטאנצט, אָדער בעסער געדרעהט,
איז פאר אונז אלע איין וויג אָנגעגרייט.
ווייזט אונז דעם וועג אָן די זעלביגע האנט,
פיהרט אונז אין זעלביגען זוניגען לאנד.

## א.

א ווייסע וועלט, — מיר געהעןביידע;
א שטילע שווייגענדיגע נאכט.
א לאָמפּ האָט ערגעץ זיך פארלאָשען,
און באלד — א טיר האָט זיך פארמאכט.

א ווייסע וועלט. — א בלויער הימעל;
א גלעקעל קלינגט פארביי דין־דין —
ס׳איז גוט אזוי צוזאמען בלאָנדזשען,
אליין ניט וויסענדיג וואוהין.

די נאכט איז שטיל; מיר געהען ביידע,
עס צאנקען פייערלאך אין שנעע,
א ווייסע וועלט און דורך דער ווייסקייט
עס בלאָנדזשען קינדער קליינע צוויי.

ב.

לבנה־שיין און גרויער אָוועגד שטאָט.
און דאָ די שטילע טונקעלע אַלעען ; —
קיין מענש געהט ניט פאַרביי, און מיר אין צווייען,
לבנה־שיין און גרויער אָוועגד. שטאָט.

איך שוויג, און דו נעמסט ריידען אין דער שטיל ;
דערציילען מיר פון דאָרטען און פון דאַנען, —
פון ווייטען הערט דאָס רוישען זיך פון באַנגען, —
לבנה־שיין און גרויער אָוועגד. שטאָט.

איך שווייג ; און דו, שוויג אויך, שווייג אויך, שווייג אויך !
זאָל שטילער זיין ; דערציילען וועסטו שפּעטער, —
דו הערסט, — עס ווינע זאונטער מיינע פיס די בלעטער, —
לבנה־שיין און גרויער אָוועגד. שטאָט.

ג.

ניט דו ביזט די פאר וועמען כ׳וועל די לאָמפּען מיינע צינדען,
און צום באַגעגענען זיך יום־טוב׳דיג פאַרקליידען,
ניט דו ביזט די וואָס וועט פון ווייט מיר ברענגען,
די פרייד פון מיינע אַלע פריידען,
ס׳קען זיין עס איז אַזאַ אויף גאָר דער וועלט ניטאָ,
נאָר איינמאָל האָט דער ווינט אין זומער־מאָרגען העלען
א חלום אויפגעכאַפּט און איהם געבראַכט צוטראָגען,
און ליגען איהם געלאָזט ביי מיינע שוועלען,
האָב איך דעם חלום אין מיין וועלט אריינגענומען
און האָב איהם טיף אין בלוט ביי מיר באַהאַלטען,
איז וועט פאַרבלייבען אין מיין בלוט דער חלום
פון ווייטע ניט געבוירענע געשטאַלטען.

## ד.

קינדער שליטלען זיך אין דרויסען, בערגעל־בארג,
און איך קוק צו, —
אַ יעדע מיט אַ לאַנגער באָרד איז איצט דער פּארק,
און איך, און דו,
אַ קינד ביים גוטען אַלטינקען
וואָס שטערען איהם די רוה
אין אַזאַ נאַכט פון קאַלטען פעברואַר.
און ליב האָט אונז דער גרויער זיידע דאָך,
און טרייסעלט מיט בריליאנטען פון זיין גרויער באָרד.

און ס׳רוישט ווי אַלע מאָל די שטאָט;
נאָר איך הער גאָר נישט ניט;
איך הער בלויז דאָס געזונטע גרויסע ליד
וואָס ס׳זינגט דער קלאָרער שניי
פון אונטער מיינע פיס,
און וואָס מיין הארץ זינגט מיט,
אין אָט דער ווייסער נאַכט פון פעברואַר.

און ס׳זעהען מיינע אויגען דיך,
דעם קלאָרען שניי,
דעם אַלטען זיידע אונזערען, דעם פּארק,
און איך דערפיהל די נאָהענטקייט פון גאָט.

## ה.

אָפט מאָל קומסטו פלוצלינג אָן צולויפען,
פאַלסט אַוועק אויף דער קאַנאַפּע און צואווײנסט זיך:
אַז איך האָב דיך גאָר ניט ליב.
ווייל איך רייד דאָך אַזוי ווייניג,
און דערצייל פון גאָר נישט ניט.
ווי זשע קען איך ריידען און דערציילען,
אַז איך פיהל דיין הויך אויף מיינע ליפּען,
און עס מאַניעט מיך דער קלאָרער שנײי אין גאַס.
און מיין ווינטערדיגע פרייד איז גרויס.
ווי זשע קענען דען אַ מענעשנ'ס ליפּען זיך באַוועגען
ווען ער פיהלט זיך אין דער נאָהענטקייט פון גאָט.

### ז.

האָסט דעם גאַנצען טאָג געלאַכט
און געשליטעלט זיך פון בארג;
און געטראָטען די בריליאַנטען
וואָס דער הימעל האָט פארזייהט.
און ווען ס׳האָט געגרויט די נאַכט,
און צושפרייט זיך דורכ׳ן פּאַרק,
האָסטו ווייגען אָנגעהויבען;
מיידעל, וואָס האָסטו געוויינט? —
שווער איז, שווער איז צו דערציילען,
ווען אַ הארץ איז פול מיט גליק
און די פרייד פון קאַלטען ווינטער
האָט דערגרייכט ביז איבער׳ן ברעג,
קען דער מויל קיין וואָרט ניט ריידען,
און צוואוויינסט זיך פאַר גרויס פרייד.

ז.

דיין ליבּ איז קלאָר, ווי ס'איז דער שניי אין פעברואַר,
די קלאָרקייט האָט די אויגען מיר פאַרבלענדעט, —
איך בּין קיין זינדער ניט, נאָר ווער קען בּיישטעהן דען
די קלאָרקייט פון אַ ליבּ וואָס גליהט און בּרענט.

דו טענה'סט אָפּט, — איך האָבּ דיך גאָר ניט ליבּ, —
וואָס איז דאָס ליבּע דען? —
איך האָבּ דאָס קלאָרע ליבּ בּאַרירט מיט מיינע הענט,
און קען ניט רוהען מעהר דורך אָווענטען און טעג.

און קומסטו מיר אַרויף אויפ'ן געדאַנק,
דערזעה איך בּאַלד פאַר זיך אַ גרויסען האַר, —
דערפיהל איך בּאַלד דעם מיטען ווינטערדיגען פראָסט וואָס בּרענט,
דעם ווייסען קלאָרען שניי פון פעבּרואַר.

## ח.

אָ, ווייסער, קלאָרער שניי פון פעברואַר,
דו צינדסט מיין בלוט אין מיר, מאַכסט לייכט מיין טראָט;
מיין מיידעל קומט צולויפען אַ צופלאַמטע פונ׳ם גליטש,
און יעדער נערוו אין איהר זינגט מיר דאָס גרויסע ליד פון שטאָט.

און אַזאַ ליכטיגקייט צושפרייט זיך איבער גאָר דער וועלט,
און ס׳טראָגט די יונגע פרייד זיך אום דורך שטאָט און גאַס, און מאַרק, —
עס זינגט די גאַס, עס זינגט די נאַכט, מיין צימער און דער פּאַרק,
און ס׳הויבט צו זינגען אָן מיין לעבען לויב־לידער צו איהם,
צום ווייסען, קלאָרען שניי פון פעברואַר.

ט.

## צו אן אראבערין

ווי קען איך דיך פיינט האָבען דען
דו ברוין הויטיגע דו;
דו קינד פון דעם ווייטען אראביען.
דיין וויג האָט געוויגט זיך אָן דאָרטען
וואָס איך רוף מיין לאַנד,
דיין פוס האָט געטראָטען אויף וועגען
וואָס זיינען מיר בלויז ווי אין חלום באַקאַנט.
עס האָט זיך דיין קערפּער געבאָדען
אין זון פונ׳ם הייסען אָריענט,
וואו ס׳טראָגען זיך אום אין די גאַסען
לעגענדעס און מעשיות אָהן צאָל.
און ווען דו זינגסט,
דוכט זיך מיר אוים אז דאָס זינגט מיר מיין שוועסטער
די לידער פון הייסען אָריענט;
און שטאַרקער און טיפער מיין בענקעניש ווערט;
ווי קען איך דיך פיינט האָבען דען
דו ברוין הויטיגע דו;
דו קינד פון דעם ווייטען אראביען.

י.

כ׳בין אַן אַנדערער,
מיינע אויגען זעהען טיפער, ווייטער;
ס'איז מיין אומעט פון דעם אומעט אייערען פיעל גרעסער
און מיין פרייד פון אייער פרייד פארשייטער.

מיינע וועלטען קומען ניט אראָפּ אין גאַסען,
זיינען מיינע וועלטען קיינעם אונטערטעניג;
איך אליין, איך בוי מיר מיינע וועלטען,
בין איך איבער אַלע מיינע וועלטען קעניג.

און זיץ איך דאָ און טרינק און זינג מיט אייך,
און געהען מיר אַרום דורך גאַסען, עוועניוס און וועגען
און איך — אַ שווייגענדיגער שעה'ן לאַנג; צי ווייסט איהר דען פאַרוואָס?
צי ווייסט איהר דען פאַרוואָס עס בייזערט זיך דער ים,
און רייסט זיך ווילדערהייט פון זיינע ברעגען?

## יא.

פריהמאָרגען. לייכטקייט שוועבט אויף דיר;
ס׳האָט ווער פון בעט דיך אויפגעהויבען
דעם גרויסען, שטאַרקען גאָט צו לויבען
פאַר דעם פריהמאָרגען און פאַר איהר.

פריהמאָרגען. לייכטקייט גרוי און קיהל,
נעהם. לאָז זיך געהן דורך גאַס און וועגען,
ווי דאָרטען — ביי דיין טאַטענ׳ס מיהל,
דעם וויטען זון־אויפגאַנג אַנטקעגען.

און ווער עס קומט אַנטקעגען דיר,
זאָג זיי גוט מאָרגען אַלע, אַלע;
און בענש זיי אַלעמען פאַר דיר,
און פאַר דיין צנועה׳דיגער כלה.

און זאָל דיר דוכטען ס׳איז די שטאָט
אַ טעמפּעל בלויז פון גאָט און גלויבען;
אָט אין אַזאַ פריהמאָרגען האָט
דיך גאָט צו זיך ארויפגעהויבען.

## יב.

ליכטיגע טעג האָט דער זומער,
דער ווינטער האָט אָוועטנטען פיעל;
זיצען זיך מיידלאַך ביים פייער,
שפּינען דעם פלאַקס אין דער שטיל.

טרוימט דאָרטען איינע פון איהרען,
אַלט איז ער נײַנצענטער יאָהר,
האָט ער צוויי ברענענדע אויגען,
און אַ קאָפּ פּעך־שווארצע האָר.

און אז ס'וועט אָנקומען „טראַיצע“,
וועט ער דאַן קומען צו איהר;
מיט אַ פּאָר ברענענדע אויגען
וועט ער זיך שטעלען ביים טיר.

טרוימט אויך די צווייטע פון איהרען,
און אַזוי יעדע פאַר זיך,
און אין די פינגער די שפּינדעל
דרעהט זיך און דרעהט זיך אויף גיך.

ברענט אינ'ם אויווען דאָס פייער,
איז אַזוי וואַרעם אין הויז;
זיצען זיך מיידלאַך און שפּינען
גאָלדענע טרוימען זיך אויס.

יג.

אַט פונקט אזוי בין איך:
אַ פּנים ערענסט און פארטראַכט,
צוויי אויגען — אומעט פון דער נאַכט.
און אָפּטמאָל שפּאַס איך לאַנג און פיעל,
און שפּיל זיך אין אַ קינדער־שפּיל.
און בענקען קען איך אויך אזוי
ווי ס׳בענקט אַ יונגע, שעהנע פרוי
נאָך איהר געליבטען אין דערווייט.
יאָ, יאָ מיין קליינטשינקע אזוי,
צי האָסט עס ליב, צי האָסט עס פיינט;
אַט בין איך גראַדע פרעהלאַך היינט,
און מאָרגען, גאָט ווייס, ניט געטראַכט
מיין קליינטשינקע, אַ גוטע נאַכט.

## יד.

העי, ווער ביזטו, ווער ביזטו, ווער? —
דער טרוים האָט געבראַכט דיך אַהער,
פון ווייטען, פון זוניגען לאַנד,
דורך הייסען מדבריות־זאַמד.

העי, ווער ביזטו, ווער ביזטו, ווער? —
איך זעה דיך און איך זעה דיך ניט מעהר;
דיין שטים קלינגט אין שטאָטיגען רויך,
אין וואַנדערער׳ס מידיגען הויך.

אין פאַסטוך׳ס פאַרלוירענעם קלאַנג,
אין אָוועגדיג־בעטלער־געזאַנג,
אין וועכטער׳ס האַלב־נאַכטיגע טריט,
אין שניטער׳ס היים־זוניגער ליד.

דער טרוים האָט געבראַכט דיך אַהער
פון הייסען, פון זאַמדיגען וועג, —
איך בויג זיך פאַר דיר און איך פרעג:
העי, ווער ביזטו, ווער ביזטו, ווער? —

## טו.

וואָס וועל איך טאָן, אַז אַמאָל וועט זי קומען
און זאָגען אַז זי האָט מיך פיינט? —
כ׳וועל אין נאָטיץ ביכעל מיינעם פאַרשרייבען:
די און די דאַטע געזאָגט האָט די פריילין מיר
ב. אַז זי האָט מיך שטאַרק פיינט.
און וועל דעם קעלנער באַפוילען מיר ברענגען
אַ גלאָז הייסע קאַווע צום טיש;
און טרינקען, און פונ׳ם נאָטיץ ביכעל לייענען,
אַז די און די דאַטע געזאָגט האָט די פריילין מיר
ב. אַז זי האָט מיך שטאַרק פיינט.

### טז.

אין יענעם שטילען אויף דער נאכט,
האט זיך די טיר מיינע פארמאכט;
און כ'האב געהערט פארקלינגען טריט,
א ניגון פון אן אומעט־ליד,
און גאר נישט, גאר נישט מעהר.

פון דאן האט שוין א צעהנדליג מאל,
דער סערפ געקלונגען אינ'ם טאל,
דאס ליד פון שפינעריגס ביי נאכט,
און פון דאן אן מיין זעעלע וואכט,
און קיינער קומט ניט מעהר.

## יז.

און ווען דו וועסט ערגעץ פון ווייטען אָן מיר זיך דערמאָנען,
געבענטשט זאָלסטו זיין;
און אויב דו וועסט קומען, זיך זעצען, און ריידען ניט קאָנען,
געבענטשט זאָלסטו זיין.

און וועסטו אָן מיר זיך דערמאָנען און וועסט דאָך ניט קומען,
געבענטשט זאָלסטו זיין,
וועל זיצען אליין און וועל טראַכטען פון דיר, און וועל טראַכטען;
אז געבענטשט זאָלסטו זיין.

## יח.

קום און זעץ זיך אוועק נעבען מיר און ניט רייד,
און צולאָז דיינע האָר שטילערהייט, שטילערהייט.

און די זון וועט פאַרגעהן, אזוי בלוטיג פאַרגעהן,
און מיר — קינדערלאך צוויי וועלען בלייבען אליין.

איך וועל קוקען אויף דיר, דו וועסט קוקען אויף מיר,
און די נאַכט, אזוי שטיל, וועט א קלאַפּ טאָן אין טיר.

וועל איך זאָגען דער נאַכט: געה אוועק און ניט שטער,
ס'איז געקומען א גאַסט היינט א ליעבער אהער.

קום צו געהן, און אויב ניט, וועל איך בלייבען אליין,
וועל איך בלייבען אליין ביז די זון וועט פאַרגעהן,

און דערנאָך וועל איך געהן דורך דער נאַכט, אין דער שטיל,
און וועל בענשען דיך לאַנג, און וועל בענשען דיך שטיל.

יט.

עס נעמט מיר, דוכט מיר, ווער ביים האַנט,
און דעקט מיר צו די אויגען;
און וויגט מיך שטיל, און וויגט מיך לאַנג
אריבער מיר געבויגען.

ער נעמט דערציילען מיר פון דיר,
און רופט דיך אָן ביים נאָמען;
און בענשט דיך שטיל, און בענשט דיך לאַנג,
און איך — איך ענטפער אמן.

## כ.

אין דיינע אויגען זעה,
זעה איך מיין וועלט — זעה איך זיך;
א קינד מיט דעם אומעט פון ליטא,
און ראַשיגער פרייד פון ניו יאָרק,
וואָס לעבט זיינע טעג אין חלומות
פון ניט־קיין געזעהענער פרייד;

אין דיינע אויגען
זעה איך פאַרלאָזענע פעלדער
זיך שפרייטען אויף מיילען אוועק;
זעה איך דעם הערבסט — ער באוויינט דאָרט
די נאַקעטע ליטא — מיין וועלט.

אין דיינע אויגען
פיהל איך ניט מעהרער
די שטאָלענע לאַסט פון ניו יאָרק,
ווער איך פון טעגליכע וואָכעדיג־קייטען
און גרויקייט דערהויבען צו זיך,
אין דיינע אויגען א שטילע, א דאַנקבאַרע
לויטערט זיך, לויטערט מיין זינדיגע וועלט;
לאָז אין דער רוהיגקייט פון דיינע אויגען
א ווײַלע פאַרגעסען די שטאָדט.

## כא.

אויף א פארלאָזענעם וועג
הינטער'ן שטאָט נעם איך געהן;
פאָרט א ציגיינער אין וועג,
פאָרט ער און זינגט זיך אליין.

— העי, דו ציגיינער אין וועג,
פאָרסט דאָך ארום גאנצע טעג,
האָסטו ניט ערגעץ געזעהן
בלאָנזשען א מיידעל אין וועג?

— בחור, דו, בחור, דו נאר,
ס'וועט דאָך אומזיסט זיין דיין געהן;
כ'וועל איהר א כשוף נאָך טאָן,
וועט זי דאן קומען אליין.

וועט זי דאן קומען צו דיר,
בחור, דו בחור, דו נאר;
נאָר דעם ציגיינער דערלאנג,
עטליכע גראָשען דערפאר.

נעם איך פון קעשענע געלט,
גיב איהם נאָר וויפיעל איך האָב,
דאנקט דער ציגיינער מיר אָפּ,
שאָקעלט מיר צו מיט'ן קאָפּ.

טוט ער דאָס פערדעל א שמיץ,
און ער פארשווינדט ערגעץ־וואו,
הער איך פון ווייטען ער זינגט:
בחור דו, נארישער דו...

## כב.

עס פּאַסט מיר ניט מיט דיר משדך זיין,
דו שעהנע מיידעל מיין;
מיין עלטער־זיידע זאָגט מען שטאַמט פון למד־ואו,
מיין זיידע איז געווען אַ רב ;
געלערענט האָט מיין טאַטע אויך זיין גאַנצען לעבען לאַנג,
סיי טאָג, סיי נאַכט פלעגט טראָגען זיך זיין הייליגער געזאַנג,
אין בית המדרש געסעל ווייט אַוועק;
און איך אליין בין אויך ביי דער גמרא
אָפּגעזעסען שעהנע טעג.
און דו, — דו שטאַמסט דאָך גאָר פון פּראָסטען סאָרט,
וואָס האָבען ניט אין זיך קיין איידעל וואָרט;
פון פאָהרער האַנדלענדיג מיט חזיר־האָר, —
נאָר אויגען האָסטו וואונדערבאַר אַ פּאָר;
און איך האָב דיך דאָך אַזוי ליעב,
דו שעהנע מיידעל מיין,
נאָר ס'פּאַסט מיר ניט מיט דיר משדך זיין.

## כג.

דו האָסט מיך ניט דערקענט; יאָ, יאָ, כ׳האָב זיך געביטען,
פון אינגעל ווערט אַ בחור און פון בחור — מאַן;
און נאָכדעם אַ פּאָר טריט און נאָך אַ שפּאַן,
און כ׳שטעה צווישען וועלט און אייביגקייט אין מיטען.

דו זאָגסט, עס איז מיין פּנים ערענסטער געוואָרען,
יאָ, יאָ, עס איז אַזוי, אַזוי וואַקסט אויך
אַ זאַנג אין זומערדיגען מאָרגען הויך,
און ווערט אין די סעפּטעמבער טעג פערלאָרען.

יאָ, יאָ, די טעג זיי קומען שטילע און פאַרלאָזען,
נאָר טיעף אין מיר לעבט אַלץ דאָס שטילע אינגעל נאָך, —
גיב מיר דיין האַנד און לאָמיר פון דער גרויער וואָך
אין ווייטער יום־טוב הייליגקייט זיך לאָזען.

## כד.

די נאַכט איז געהאָנגען אריער מיר,
אריבער מיר און אריבער דער וועלט;
איז עמיץ געקומען פון שנייאיגען פעלד,
און דאַכט זיך געקלאַפּט צו מיר אין טיר.
ביזטו עס ניט געווען? —

האָט עמיץ געשטערט מיין שטילע רוה,
געשרייען ווי הונגעריגע וועלף,
און עמיץ האָט דאַכט זיך געשריען: העלף! —
מיין גאָלדענע טרוימען־מיידעל דו,
ביזטו עס ניט געווען? —

געבליבען איז היינגען די נאַכט איבער מיר,
אריבער מיר און אריבער דער וועלט,
און אימיצער איז פון מיין קאַלטער טיר
אוועק צוריק אינ'ם שנייאיגען פעלד;
מיין גאָלדענע טרוימען־מיידעל דו,
ביזטו עס ניט געווען?

## כה.

דער וועג איז היינט מיט שנעע באדעקט,
דער וועג איז היינט פארפראָרען;
אַ שטאָט, אַ דאָרף, אַ פעלד, אַ וואלד,
מיר פאָהרען און מיר פאָהרען.

וואוהין? — ווער וויים. דער וועג איז ווייט,
דער וועג איז ווייט און זיכער;
דער שליטען וויגט זיך הין און הער,
די פערדלאך שנעל — אַ וויכער.

דער פוהרמאַן זינגט; מיר זינגען מיט
דעם פוהרמאַנ׳ס שעהנע לידער,
און פראָסטיג־קאַלט און פייער־הייס
עס זיינען אונז די גלידער.

אַ הימעל אויבען — פראָסטיג־בלוי,
דער וועג פארשנעעט, פארפראָרען, —
אַ שטאָט, אַ דאָרף... מיר גליקליכע!
מיר פאָהרען, פאָהרען, פאָהרען.

## כו.

זיבעז אָדלערס אין אַ שליטען
שפּאָן איך איין און יאָג,
דורכ'ן ברייטען פעלד און שליטען
נאַכט אַזוי און טאָג.

ערגעץ איבער ווייטע ימים,
וואו די זון פארגעהט,
איז אַ קעניג־שטול אַ ווייכע
און אַ קרוין געגרייט.

ווילסטו — שפּרינג אריין אין שליטען,
פאָהרען מיר בייַנאַנד;
ווערסטו קעניגין, איך — קעניג
פון דעם ווייטען לאַנד.

ווילסטו ניט — נו, וועל איך יאָגען
איינער דורכ'ן פעלד, —
מיט די זיבען אָדלערס מיינע
קניהט פאַר מיר די וועלט.

### כז.

אַלע נאַכט גײה איך פֿאַר דײַנע טויערן,
אַלע נאַכט מיט אַ שטילן געבעט,
אַלע נאַכט הער דעם װעכטער שעפּטשענדיג:
**אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט, שפּעט.**

אַלע נאַכט הער דעם רעגען איך װײנענדיג.
אַלע נאַכט װײן איך שטיל אַזוי מיט,
נאָך מײַן אײגענעם שאָטען זיך יאָגענדיג,
אין דעם קלאַנג פֿון די אײגענע טריט.

## כח.

דריי פלינקע פערד ווי אָדלערס דריי,
דריי ווייסע פערד אויף פעלדער פריי,
אין בריטשקע איינגעשפּאַנט, —
דאָס קומט ער איצט פון ווייטען לאַנד.

זי האָט זיך שוין פארקאַמט די האָר,
דאָס פּנים — ווי דער הימעל קלאָר;
זי האָט פון לאַנג זיך צוגעגרייט,
און אָנגעטאָן דאָס חופּה־קלייד.

דריי פלינקע פערד — זיי בלייבען שטעהן,
זי זעצט אין וואָגען זיך אליין;
דער פוהרמאַן טוט די לייץ א ריס, —
די פערדלאך פאַלען פון די פיס.

עס קלאַפּט די פּויק, דאָס פיעדעל שפּיעלט,
די וועלט אין פרייד איז איינגעהילט;
דריי פערד אין בריטשקע איינגעשפּאַנט,
זיי טראָגען אונז אין חלום־לאַנד.

כט.

קומסט ניט... בלייב איך ליגען, ליגען
שוויינענדיגערהייט,
נעהם איך זיך מיט שאָטענס וויגען
שוויינענדיגערהייט.

נאָט, דו זאָלסט דיין גנאָד מיר געבען
שוויינענדיגערהייט.
פיהר מיך דורך דעם גאַנצען לעבען
שוויינענדיגערהייט.

## ל.

דו ביזט ניטאָ; ביזט קיינמאָל ניט געווען;
דאָס האָב איך בלויז אַ שפּיל אויסגעטראַכט,
אַמאָל אַזוי זיך געהענדיג אליין
ווי היינט אין אַזאַ אומרוהיגע נאַכט.

און געשאַפּען האָב איך אַ געשטאַלט:
אַ קאָפּ מיט שווארצע האָר און אויגען בלוי;
און אָנגערופען דיך, מיין שאָטענדיגע, דו;
און זיך געפרעהט, זיך קינדעריש געפרעהט אַזוי.

און ווען עס האָט באַגעגענט מיך אַ גוטער פריינד,
און מיך געפירט אין קעלער טרינקען וויין;
געטרינקען האָב איך דאַן פאַר מיר, פאַר דיר
מיין שאָטענדיגע ביז אין טאָג אַריין.

און ווען מיין פריינד האָט זיך געפרעגט; וואָס איז מיט דיר? —
האָב איך געוואָלט דערציילען איהם פון דיר;
און ניט געקענט האָט ער פארשטערען די רייד מיינע,
און מאָדנע לאַנג געקוקט די גאַנצע נאַכט אויף מיר.

## לא.

ווען די זון פֿארגעהט אין פֿלאמען,
בלאנדזשעט ער ארום
אין די גאסען, אין די געסלאך
שווייגענדיג און שטום.

זעהט ער אין דיין פֿענסטער פֿייער,
אימיצער דארט רעדט;
מיט א ווייסער טוך פֿארצויגען
איז דאס ווייכע בעט.

ווייסטו פֿאר וואס בויגט זיין קאפ זיך
דאן אראב צו דר'ערד? —
פֿאר וואס פֿאלען פֿון די בוימער
בלעטער אינ'ם הערבסט? —

## לב.

פאר וואָס אז ס׳נעהמט נאָר גרויען דער באגינען,
און אַלעס רוהט אין וויגענדיגער רוה,
פאר וואָס קען איך קיין אָרט זיך ניט געפינען,
און מאך מיט כעס די לאָדען מיינע צו?

פאר וואָס ווען ס׳נעהמט זיך ברייט צולייגען,
און פרעהלאך ווערט דאָס שוויייגען אויף דער גאס;
פאר וואָס געה איך אום מיט צושראָקענע אויגען,
און טראָג אין הארץ ביי זיך א טיפען האס?

פאר וואָס ווען ביידע מיר אין הויז פארבלייבען,
און שטום אזוי עס בעטעלט דאן דיין בליק,
פאר וואָס וויל איך פון הויז דיך דאן פארטרייבען,
און באלד דיך ווידער זוכען געהן צוריק?

פאר וואָס איז דאָס אזוי?

## לג.

וואָלט מיין טאַטע רייך געווען,
וואָלט איך זיך ניט דינגען ;
כ׳וואָלט געקויפט אַ פערד וואָס קען
ביז צום הימעל שפּרינגען.

כ׳וואָלט אַ שפּרונג טאָן אזוי הויך,
און די זון דערלאַנגען,
און דאַן קומען צו דער וועלט :
כ׳האָב די זון געפאַנגען.

וואָלטען קומען פון דער וועלט
שעהנסטע פערציג פרויען ;
וואָלטען זיי פאַר מיר — דעם העלד
זייער הארץ פארטרויען.

צווישען שעהנסטע פון דער וועלט
וואָלסטו אויך געקומען ;
צווישען שעהנסטע אויף דער וועלט
וואָלט איך דיך גענומען.

כ׳וואָלט די זון צוריקגעהענגט
וואו זי איז געפאַנגען.
און דעם פערד אוועקגעלאָזט,
און מיט דיר געגאַנגען.

## לד.

כ'האָב דיך ערגעץ געזעהן;
ס'האָט די נאַכט און די אויטאָמאָבילען גערוישט אויף בראָדוויי,
און פאַרפּוצטע אין זייד און אין גאָלד זיך געיאָגט האָבען זיי
איינגעלאַדענע אַלע צו גאַסט, צי אַזוי אויף שפּאַציר,
און געיאָגט אַזוי האַסטיג און איילענדיג זיך פאַרביי מיר,
און אַזוי אַ האָב איך זיך געשאַרט דורך דער גאַס לאַנג און שטיל,
און דערזעהן האָב איך דיך דורך אַ שויב פון אַן אויטאָמאָביל.

און דער אויטאָמאָביל איז אַוועק אַזוי שטיל, אַזוי ווייך,
און געבליבען איז מיר דאָס גערוך פונ'ם געזאָלין־רויך;
און אַ בענקעניש טיף וואָס האָט ווייט מיך אין גאַסען באַלייט,
און אַ ווינטעל וואָס האָט מיך געגלעט און געוועהט און פאַרוועהט,
און אַ ווילד־פרעמדער מענש וועלכער האָט מיך באַגריסט אַזוי פיין,
און אַוועקגעשלעפּט מיך אין דער נאַכטיגער ווייטקייט אַריין.

## לח.

מיר ביידע — אין דער וועלט פארלאָזענע,
צוויי קליינע קינדער עלענד און אליין,
די האָר פון קאלטען ווינט צובלאָזענע —
מיר וועלען מיט'ן ווינט זיך לאָזען געהן.

מיר וועלען געהן די הענט זיך האלטענדיג
און ציטערען און ציטערען פון קעלט.
און טיף די טרערען אונזערע בעהאלטענדיג
מיר וועלען בענטשען גליקליכע, די וועלט.

מיר וועלען זעהן די זון פארגעהענדיג,
און בענקען וועלען מיר נאָך א געצעלט,
און פאר די הענט זיך האלטענדיג און געהענדיג
מיר וועלען בענטשען, גליקליכע, די וועלט.

## לז.

רייד ניט, רייד ניט, ווער אנשוויגען, זיץ אזוי און שטום; —
שאָטענס איינע נאָך די צווייטע יאָגען זיך ארום;
ווינטען האָבען זיך צוהוליעט, קעהרען איבער ווענט; —
שנעלער, שנעל פאַרדעק די אויגען מיר מיט דיינע הענט.

קיינער איז היינט ניט געקומען, האָב איך היינט געוויינט,
לאַנגע שעה'ן אין מיין צימער האָב איך היינט געוויינט;
האָב געמיינט דו ווערסט דערהערען דורך די הארטע ווענט; —
בלויז א שאָטען האָט געדרעהט זיך דורך די הארטע ווענט.

איצטער ביזטו דאָ געקומען, רייד ניט, אוי, ניט רייד,
כ'האָב א מעשה'לע געליינט עפּעס וועגען טויט;
כ'האָב די מעשה'לע דערמאָנט זיך, שווייג זשע, שטיל זאָל זיין,
נור מיט דיינע גוטע אויגען וויג מיך, וויג מיך איין...

## לז.

הויב ניט פענסטער ארויף די פּארטירעןָ,
אָוועגט קומט אָן אזוי קאַלט, אזוי בלינד;
זעץ זיך און זינג דיינע פרעהליכע ליעדער, —
דו ביזט א מאַמע און איך בין א קינד.

טעג זיינען שווערע און גרויע געוועזען,
וועלען די אָווענטען שווערער נאָך זיין;
וואנדערער שלעפען זיך אום אויף די וועגען,
וואַנדערער מיעדע גאַס אויס און גאַס איין.

וואַנדערער קלאַפּען צו מיר אין די טירען,
וואַנדערער! — קאַלט איז דער אָווענט און בלינד! —
ציטער איך... זינג דיינע פרעהליכע ליעדער,
דו ביזט א מאַמע און איך בין א קינד....

## לח.

איך קום ניט פון'ם ריטער־לאַנד וואָס דו האָסט ליעב,
איך בין ניט אויסגעוואַקסען דאָרט אויף יענער ערד:
איך קען קיין שווערד ניט האַלטען אין מיין האַנד,
און קען ניט רייטען אויף קיין פלינקען פערד.

נאָר מעשה'לעך האָב איך דאָך אזוי פיעל,
וואָס ווירקט אויף דיר ווי גוטער אַלטער וויין,
וואָס וואָלט א גאַנצע ריטער־פאָלק פאַרפיהרט
אין ווייטען שטילען צויבער־לאַנד אריין.

## לט.

כ׳ברייִנג די פרייד, און כ׳ברייִנג דעם טרויער,
כ׳ברייִנג די אומרוה, כ׳ברייִנג די רוה:
ווייל איך — ווערט דער אָוועגט גרויער. —
שאָטענדיגע מיינע דו.

ווייל איך — לויכטען טויזענד ליכטער
אין מיין אויסגעטרוימטער רוה:
לייכטע, ליכטיגע געזיכטער, —
שאָטענדיגע מיינע דו.

דו — מיין פרייד, און דו — מיין טרויער:
דו — מיין אומרוה; דו — מיין רוה, —
שאָטענדיגער, גרויער, גרויער, —
שאָטעדיגע מיינע דו.

## מ.

קומט און עפענט מיינע טירען
מענשען פון דער גרויער גאַס;
קומט אריין און ביז פרימאָרגען
וועלען מיר דאָ טרייבען שפּאַס.

כ'האָב מיין חלום ניט דער'חלום'ט,
האָב איך עס אין זיך צושטערט,
ליגט מיין חלום האַלב־דערקוילעט,
קייקעלט זיך אויף הוילער ערד.

קומט אריין דורך טיר און פענסטער;
זי וועט קומען, זאָגט איהר, איך? —
זאָגט איהר כ'האָב צושטערט מיין חלום,
און אַוועקגעלאָזט מיט רויך.

און וואויל־יונגעריש פאַרטרונקען
אין דער האַלב־נאַכט'ס שפּעטער שעה;
זאָגט איהר אַז אָנשטאָט דעם ערשטען
וואוינט אַן אַנדער מענש אָט דאָ.

## מא.

ביזט פון זעלבען שטאָף געקנאָטען,
רינט דאָס זעלבע בלוט און שוויים, —
זאָג פאר וואָס זשע ציהט מיך, רעגט מיך
הונדערט צוואנציג פונטען פלייש? —

ווי עס ציהט זיין גאנצען לעבען
צו דער פארלע־פלייש דעם הונט,
ציהט און זינגט און קלינגט מיין אָדע
צו די הונדערט צוואנציג פונט.

מב.

נעם ציה פון זיך אראפ דאס הימד,
און בראט מיך, ברען און בראט, —
ווי מיט א מחנה שקלאפען טוט
דער טייפעל פון דער שטאט.

עס איז דער לייב א שפילכעל נאר
אין גלאדיאטאר׳ס האנט, —
איך נעם דיך נאכדעם פאר די פיס,
און שלאג דיך קאפ אן וואנט.

און מיט געלעכטער ווילד און פרעך
באלייט איך דיין געוויין.
ווייל גלייך מיט דיר האב איך דאך אויך
דער׳הרג׳עט זיך אליין.

מג.

ניט הייליגקייט וועל איך דיך רופען,
ניט קרוינען דיך אויף פאר מיין גאָט, —
ווי ס'טוען דאָרט טפשים אין ביכער,
און מאכען אליין זיך צו שפאָט.

אַז גאָט זאָל צו איינעם זיך ווייזען,
איז קיינמאָל נאָך, קיינמאָל געשעהן;
און ווילסטו אין עמיצען גלויבען,
זאָל קיינמאָל דיין אויג איהם ניט זעהן.

און דו — וואָס דו גיסט זיך מיר איבער,
ווי ס'טוט צו דעם הונט אויף די צויג;
און ס'איז דיין באַהאַלטענער צויבער
אַן אָפענע זאַך פאר מיין אויג,

ניט הייליגקייט וועל איך דיך רופען,
ווי ס'טוען די ביכער אָן דאָרט, —
דו שקלאפין פון ריזיגע יונגען,
דו פלייש פון דעם ביליגסטען סאָרט.

## א.

### ווער ביזטו...

ווער ביזטו וואָס קומט אַלע אָוועגד
צום איינזאַמען פענסטער צוגעהן,
און בלייבט אַלע נאַכט ביז פריהמאָרגען
ביים פענסטער אַ רוהיגער שטעהן ?

צו ביזטו דער שטן וואָס האָט מיך
אויף וועגען אויף ווייטע באַלייט ;
צו ביזטו דאָס גליק פון די וועגען,
דאָס גליק וועלכע קומט און פאַגעהט ?...

צו ביזטו פון איינזאַמע וואָגלער
דאָס רוהיגע, שטילע געבעט ? —
ווער ביזטו וואָס קומט אַלע אָוועגד,
און וואַכט אַלענאַכט ביי מיין בעט ?

## ב.

אויף שטומע וועגן פעלזיגע
איז ער אוועקגעגאנגען, —
אריבער דעכער נידעריג
א נעבעל איז געהאנגען.

צו אומעטיג, האָט ער געזאָגט,
איז אָט אַ דאָ דערנעבען,
פאראן, זאָגט מען, אַ לאנד וואו ס׳רוישט
אויף יעדען טריט דאָס לעבען.

און ער איז פונ׳ם דאָרף אוועק
מיט בענקענדיגע אויגען, —
איהם האָט די שטאָט, די גרויסע שטאָט,
צו זיך אין נעץ געצויגען.

ג.

ווערסטו מיד אין בעט צו ליגען,
שטעסטו אויף פון בעט;
קוקסט ניט וויפיעל ס'האלט דער זייגער,
איז עס פריה צי שפעט.

קיינער דארף צו דיר ניט קומען,
דארפסט ניט ערגעץ געהן;
ועסט א גאנצען טאג פארבלייבען
אין דיין הויז אליין.

נעמסטו טראכטענדיג זיך אומגעהן
לאנגזאם הין און הער, —
— האט איהר עפעס צו פארקויפען? —
פרעגט פון דרויסען ווער.

ענטפערסט ניט, און ווי פארגליווערט
בלייבט אויף וואס דיין בליק; —
ערגעץ האבען קליינע קינדער
זיך צו־טאנצט פאר גליק.

ד.

פינסטער. ס׳איז שוין האַלבע נאַכט,
אַלע שכנים שלאָפען;
איך ליג איינער אויפ׳ן בעט,
האַלט די אויגען אָפען.

קוקען ערגעץ אין דער נאַכט
מיינע מידע אויגען, —
אימיצער ביים פענסטער שטעהט
צו דער ערד געבויגען.

כ׳ווייס ניט ווער ביים פענסטער שטעהט
וואַרטענדיג פון אָוועגט;
פיהל איך האָבער — יענער מענש
איז מיר זעהר נאָהענט.

נעם איך וויינען אַזש פאַר פרייד,
קיינער וועט ניט הערען, —
שאָטענס צוויי — אין שטוב, אין גאַס,
שוואַרצע נאַכט און שטערען.

## ח.

אז עס וועט קומען דער אָוונט,
שטערט ניט די רוה אַרום מיר. —
ס׳ציהט דורך דער וועלט זיך אַ בענקשאַפט,
גרייכט עס אריין אין מיין טיר.

אום זיך אַליין צו פאַרווײַלען
אין דער האַלב־רוהלאָזער נאַכט,
האָב איך פון אייגענע וועלטען
אַ וואונדערבאַר שפּיל זיך געמאַכט.

זי וועט ניט קומען; ווער דאַרף זי ? —
רייך איז מיין אייגענע וועלט;
וויל איך — צו שפּרייט זיך אַ הימעל
אַ בלויער אַריבער אַ פעלד.

וויל איך נעמט רוישען אַרום מיר
מיט פרויען און שיכור׳ע רייד, —
טרינקט זיך, פאַרטרינקט מיין נשמה,
אין גרויסער, אין שטאָטיגער פרייד.

ו.

זיך איינגעקויפט וויינען און שפייזען,
א בריוועל אוועקגעשיקט איהר, —
היינט האב איך מיט אייגענע אויגען
די פרייד געזעהן ווארטען ביים טיר.

איך ווייס דאך אז זי וועט ניט קומען,
און אפשר, ווער ווייס, אפשר יא;
און ווען ס׳וועט די צייט זיך דערשלעפען,
און קלאפען די קומענדע שעה.

וועל אנפילען גלעזער צוויי גרויסע,
און קנאקען די טערקישע ניס;
אליין זיך א טאסט רעדע האלטען,
זיך מאכען אוואציע, ביס!

און זאגען אז איך בין דער גרעסטער,
ניטא שוין גאר גרעסער פון מיר, —
געלויבט זאלט איהר זיין שעה׳ן גוטע
וואס וואכען אמאל ביי מיין טיר.

ז.

א לויטערער בין איך מיר דאָ,
אין שפּיל פון די אייגענע וועלטען;
א געהער א פרעמדער פון דער גאַס
פארבלאָנזשעט אהער צו וועןן זעלטען.

און לויטער אזוי איז מיין וועלט,
פּונקט ווי ביי דער נאַכט זיינען פונקען,
ווייל איך האָב אין רייד און אין ווייןן
מיין אייגענעם חלום דערטרונקען.

און ליכטיגער ווערען די טעג,
און ס'ווערען די אָוועגטען בלויער, —
וועט לויטערער ווערען מיין פרייד,
וועט הארציגער ווערען מיין טרויער.

ח.

אויפ׳ן בארג, אויפ׳ן בארג שלעפּט דאָס פערד זיך קוים־קוים,
און מיר גערען איהם נאָך טריט ביי טריט;
ס׳ווארפט דאָס נאכטיגע פעלד אזא אומעט אויף אונז,
זינגט דער פוהרמאן, און איך העלף איהם מיט.

אויפ׳ן בארג, אויפ׳ן בארג א בית־עולם דאָרט ליגט,
האָט מיין נאכטיגער פריינד זיך פארקלערט, —
העי, מיין נאכטיגער פריינד, דאָ ניט ווייט ליגט א דאָרף,
נאָר א ציה פאר׳ן לייז טו דעם פערד.

ווארטען דאָרטען אויף אונז ביי א ברענענדען לאָמפּ
מענשען גוטע און פריידיגע היינט, —
אויפ׳ן בארג, אויפ׳ן בארג דורכ׳ן נאכטיגען פעלד, —
העי, מיין נאכטיגער ברודער, מיין פריינד! —

ט.

עס וועט די נאכט דיך מעהר ניט ברענגען
אין אומעטיגען הויז צו מיר;
איך וועל פארהענגען מיינע פענסטער,
און עפענען וועל איך די טיר:

קומט אלע ווער עס האט קיין היים ניט,
ביי מיר אין הויז איז גוט צו זיין,
איך האב פאר אלעמען צו עסען,
צו טרינקען האב איך גוטען וויין.

צו שלאפען האב איך ווייכע בעטען,
קומט רוהט זיך אוים פון אייער פיין,
און ס'וועט דער שטילער אומעט גלעטען
אייך ביז אין גרויסען טאג אריין.

י.

די זון האלט שוין באלד ביים פארשווינדען,
עס קלינגט שוין פון אוועגט דער גלאָק;
באלד וועלען זיך פייערען צינדען
אויף יעטוועדען טורעם און ראָג.

וואָס טוט מען אליין אין דער נאכט דאָ ?
אין וואָגען געשפּאַנט איז דער פערד;
נאָר ס׳האָט זיך דער פוהרמאן פערשפּעטיגט,
פארפאלען אזוי ווי אין דר׳ערד.

ווער ווייס איהם אין וואָס פאר א שענק הויז
ער האָט דאָס גי׳שיכור׳ט די נאכט, —
עס וועלען אי טירען פון קראָמען,
אי שענק הייזער באלד זיין פארמאכט.

וואָס טוט מען אליין אין דער נאכט דאָ,
אליין מיט מיין וואָגען און פערד ? —
עס האָט זיך דער פוהמאן פארשפּעטיגט,
פארפאלען אזוי ווי אין דר׳ערד.

## יא.

די נאַכט איז שטיל, דער אומעט גרויס;
ניין, ס׳איז דער אומעט גאָר ניט גרויס.
דאָס האָט דער שוואַרצער אָוונט בלויז
פאַרטונקעלט מוחות און ניט מעהר.
און ווער ס׳איז שוואַך, און ווער ס׳איז קליין,
און ווען ס׳שטיקט אַ שטילע טרעהר,
דער זאָל אין גאַסען ניט אַרויס,
ווייל ס׳איז דער אומעט דאָרטען גרויס.

און ווער ס׳איז שטאַרק, דער זאָל אַרויס
דורך נאַכט פון אומעטיגער הויז,
און אָננעהמען די שאַרפע שווערד,
און קויפען זיך אַ פלינקען פערד,
און לאָזען זיך וועלט איין, וועלט אויס,
און זיגען אויב ער איז שטאַרק געבויט,
און פאַלען, אויב ס׳איז איהם באַשערט.

## יב.

איך האָב פאַלוירען וואָס אויף ווייטע וועגען,
און קען עס מעהר צוריק שוין ניט געפינען, —
א גאַנצע לאַנגע נאַכט און ביז בעגינען
שטעה איך און טראַכט און קען זיך ניט דערמאָנען.

איך האָב פאַרלוירען וואָס אויף ווייטע וועגען.

און ווען איך געה אמאָל פאַרביי אין גאַסען,
און זעה די פייערען אי צינדען זיך, אי צאַנקען,
די פענסטער מיט פאָרטירען בלינד פאַרהאַנגען,
דערמאָנען מיר זיך מאָדנע נאַכטיגע געדאַנקען.

איך האָב פאַרלוירען וואָס אויף ווייטע וועגען.

און ווען איך שטעה אמאָל אליין ביים פענסטער,
אין אָוונט־שעה, דעם לאָמפּ ניט אָנגעצונדען,
און שטיל אזוי אין אומעטיגע שטונדען
פאַרגעהט די נאַכט אין וויינען פונ׳ם רעגען,
דערזעה איך וואָס און קען זיך ניט דערמאָנען.

איך האָב פאַרלוירען וואָס אויף ווייטע וועגען.

### יג.

צו טרעפט דיר ווען, —
דו געהסט פון גאַס אין הויז,
אונס׳דוכט זיך דיר די גאַנצע הויז איז פול,
די לאָמפּען ברענען העל,
די פלעשער אויפ׳ן טיש ניט אָנגעהויבען נאָך,
מען ווארט אויף דיר,
און ביי דער טיר
א פאַזש נעמט צו ביי דיר דעם הוט און אויבערראָק.

דו קומסט אריין,
און קיינער איז ניטאָ,
מוזטו אליין פארוויילען זיך א שעה און נאָך א שעה.
נעמסטו א בוך און קוקסט אריין,
און ווי בארוישט פון גוטען ווײן
נעמסטו זעהן וועלטען וואונדער שעהן,
און דער מיט פון אלע וועלטען
דיין שאָטענדיגע זעהסטו שטעהן.

א.

ס'איז די טאָרבע אונזער פריינד,
אונזער היים — דאָס פעלד,
און דער שטעקען, און דאָס ליעד,
אונזער גאַנצע וועלט.

און אַז אונזער נאַכט איז שוואַרץ,
נעהמען מיר איין קול
זינגען בעטענדינערהייט
פונ'ם טיפען טאָל.

און זיין נאָמען לויבען מיר,
לויבען טאָג און נאַכט,
פאַר דעם זוניג־העלען טאָג,
פאַר דער שוואַרצער נאַכט.

מיט זיין נאָמען טיף אין האַרץ
שרעקען מיר זיך ניט,
שלאָפענדיג איז ער מיט אונז,
און אויף יעדען טריט.

ב.

מיר געהען זיך אזוי ווי שטומע קינדער לאנג
ביז זון־פארגאנג;
אנטקעגען אונז איז קיינער דאך ניט פרעגען גרייט:
וואוהין מען געהט...

און אונז פערבליבען אין דער גאנצער, גרויסער וועלט
ביזטו, ביזטו,
גיב אונז ביי טאג א שטיקעל הארטען ברויט, ביי נאכט
אן ארט אויף רוה.

און ווען מיר געהען אין דער פינסטערניש וואו אוים,
אין, ווייטען פעלד,
גיב אונז א שטיקעל ערד — פיער איילען ברייט
וואו ביי א פלייט.

ג.

הינטער'ן בארג געהען זיך וועגען פאנאנדער
ווייט אהן א ברעג;
הינטער'ן בארג בייטען זיך אווענדען טונקעלע
מיט ליכטיגע טעג.

הינטער'ן בארג געוועגדט זיינען אלעמענ'ס אויגען
עפעס צו זעהן, —
פון הינטער'ן בארג דארף עמיץ א ליכטיגער קומען
צו אונז אינ'ם טאל צו געהן.

ד.

עס וועט זיך קיין סערפּ און קיין קאָסע
אין פעלד מעהר ניט ווייזען ;
און ליידיג וועט שטעהן און פאַרזשאַווערט
דער אַקער־אייזען.

עס וועט דאָס געזאַנג מעהר
פון פרעהליכער יוגענט ניט קלינגען
אין טונקעלע זומער־פאַרנאַכטען
אין גוסס׳ע זוניגע שטראַלען ;

זיין לויב־געזאַנג וועט שוין דער פויער
דער אַלטער ניט זינגען,
און קניהענדיג וועט אין געבעט ער
צו דער ערד מעהר ניט פאַלען.

און אז ס׳וועט א קינד וואו א שטיקעלע
ברויט וועלען האָבען,
וועט אָנווייזען דאַן איהם די מאַמע
אין פענסטער די ראָבען,
וואו ס׳ליגט א גע׳הרג׳עטער דאָרטען
זיין טאַטע באַגראָבען.

## ח.

גרויס איז אין אונז אונזער פרייד, אוזער טרויער,
שפּיעלט די מוזיק, איז אַ פרייד, איז אַ פרייד;
ווערט אונזער אָוועגד אַלץ גרויער און גרויער, —
ווענמען אַרט גרויקייט אין אָוונט פון פרייד.

אָבער ווען ס׳נעהמט אונזער פרייד נאָר פאַרשטומען,
פעהלט אונז וואָס אוים אין׳ם נאַכטיגען שטיל;
פונקט ס׳וואָלט אַ פאָטער אַ שטרענגער גענומען
ס׳קינדעריש שפּיעלכעל אין מיטען זיין שפּיעל.

פון פרייד און פון טרויער, ווער איז ער דער איינער,
וואָס ברענגט אי די פרייד, אי דעם טרויער אונז מיט? —
עס וויים ניט, ניט איך און ניט דו און ניט קיינער
ווען ס׳גליהט אונזער טרויער אין זינגענדען ליעד,
ביי טאָג ווען די זון בריהט מיט פייער די שטיינער,
ביי נאַכט ווען ס׳פאַרלירען זיך נאַכטיגע טריט.

ו.

דער גוי איז געקומען מיט וואָגען און פערד:
נו, גרייט זיך שוין, איך בין שוין גרייט;
די מאַמע האָט שווייגענדיג־שטיל מיר געלייגט
אין טאָרבע געטריקענטע ברייט.

עס האָבען חברים געזאָגט: ניט פארגעס
אָן אונז אין דעם פרעמד־ווייטען לאַנד;
און איינער פון זיי האָט דאַן שווייגענדיג־שטיל
דערלאַנגט מיר אַ בילד אין דער האַנד.

דער לאָמפּ האָט געברענט און געוואָרפען אין הויז
אַ שוואַכען, אַ טונקעלען שיין;
די קאַץ האָט געגלעט מיך ווי זי וואָלט געוואוסט
אַז איך וועל שוין מעהר דאַ ניט זיין.

דער פוהרמאַן, ער איילט זיך, נו, גיכער שוין, קום,
איך לאָז זיך שטיל געהן צו דער טיר;
די מאַמע בעט גאָט פאַר איהר קינד אויפ׳ן וועג,
און ס׳געהען חברים נאָך מיר.

איך זעץ זיך אין וואָגען; זייט אַלע געזונט;
דער וואָגען פאָהרט לאַנגזאַם אוועק,
און אויגען באַלייטען, באַלייטען מיך לאַנג,
אין ווייטען, אין זאַמדיגען וועג.

ז.

עס רירט זיך די באַהן, כ׳מאַך אַ פענסטער׳ל אויף,
און קוק אויף די פעלדער אַרוים:
אַ בערגעל, אַ בוים, און אַ בעטלער אַליין,
און ערגעץ אַן איינזאַמע הויז.

עס קומט פונ׳ם טויער אַ מיידעל אַרוים,
און לאָזט זיך צום ברונען אַוועק;
אַ גוי פאָהרט אַרוים מיט׳ן וואָגען און פערד
אויפ׳ן פייכטען און טוי׳איגען וועג.

דער מאָרגען — אַ הייסער; די פעלדער באַגרינט;
דער הימעל איז טיף און איז קלאָר;
די באַהן פאָהרט זיך ווייטער, און ס׳בלייבט מיר אַ טרוים:
אַ מיידעל מיט גאָלדענע האָר.

## ח.

זיצען אזוי זיך אין וויג־שטול, זיך וויגען און שווייגען,
קוקען ווי ס׳פאלען אויף שויבען די גוסס׳ע שטראלען ;
זעהן, וויפון בוימער פארמאטערטע בלעטלאך פאלען,
זיצען אזוי זיך און וויגען זיך, וויגען ואן שווייגען.

לאָזען אזוי די געדאנקען זיך טראָגען, פארטראָגען,
שאפען פאנטאזיעס ווילדע ביי זיך אינ׳ם זינען ;
טראכטען : עס קומט אָן דער אָוועגט אום מיך צו באדינען,
א גאָלדענע קרוין ברענגט דער אָוועגט אהער מיר צוטראָגען.

קומען די שענסטע פון פרויען פאר מיר זיך צו בויגען. —
זיצען אזוי זיך אין וויג־שטול, זיך וויגען און טראכטען
אין די פאראומערטע, בענקענדע, שטילע פארנאכטען,
זיצען אזוי אין דער פינסטער מיט אָפענע אויגען ;

זיצען אזוי זיך אין וויג־שטול, זיך וויגען און שווייגען.

ט.

אזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט זיין;
דאָה איינגעל בענקט אַ גרויסער שוין צו זיין,
עס בענקט דער גרויסער צו זיין איינגלישקייט צוריק,
עס בענקט דער אַלטינקער צוריק אין וועג.

שלאָף איין;
אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט זיין.
מיין טאַטע האָט האָט געזייהט אין פרילינג פעלד,
ואן זינגענדיג געשניטען עס אין שניטער צייט;
אין זייה די טעג מיינע אויף גאַס און וועג
און שנייד עס נאָך אין פריהטען פרילינג אָפּ.

שלאָף איין,
אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט זיין;
אין פענסטער קוקט אריין לבנה־שיין.
נעם קלייב אַן אַלטע שעהנע וועג־ליד אויס,
און לוליע זיך ביז גרויען מאָרגען איין,
און זינג זיך שטילערהייט:
שלאָף איין, שלאָף איין,
אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי וועט זיין.

**י.**

ווידער איז די פרייד פארפאלען
ווי אין טייך אריין ;
ווידער פרואוו איך פרעהלאך ווערען
טרינקענדיג דעם וויין.

ווידער דא א וואגלענדיגער
געה איך אום און זוך,
גלייך עה וואלט געווען א מעשה
פונ׳ם אלטען בוך.

אין דעם אלטען רוים פארצייטען
איז א בארג געווען,
מיט קיין באהן ניט צו ניט דערגרייכען,
מיט קיין אויג צו זעהן.

פלעגען אויף זיין שפיץ די וואלקענס
קלייבען זיך צונויף,
האט א מענש אמאל פארגלוסט זיך
קלעטערען ארויף.

און וויבאלד ער האט דערפילט זיך
מיט׳ן בארג צוגלייך,
האט זיין פוס א גליטש געטאן זיך
און אין אבגרונט גלייך.

און דער רויטער וויין ווערט רויטער
אין דער שפעטער שעה
ווען זי איז ניטא.
שווער די פרייד אין וויין צו זוכען

## יא.

זיי שטילער, זיי שטילער פֿאַרבאָרגענער געניוס מיינער;
דיך אויפֿנעמען איז נאָך די וועלט אונזערס רייף ניט געוואָרען;
עה וועלען אַ וועקגעהן נאָך לאַנגע אונצעהליגע יאָהרען, —
דו שטילער, דו גוטער, דו ליידענדער געניוס מיינער.

עס גרויען די טעג און פֿאַרגרויען אין אָווענט אין שווארצען,
און קומען צוריק אין געדאַנק בלויז ווי אוראַלטע מיפֿען, —
עס האָט נאָך די וועלט ניט איהר אייגענעם טרויער באַגריפֿען,
עס האָט נאָך די וועלט ניט געקוקט אין איהר אייגענעם הארצען.

אַ ברודנע, צובלוטיגטע ליגט זי אַזוי ווי אַן אַלטע נבלה
פֿול ווערים וואָס קריכען און טאָטשען, און גראָבען דעם באָדען
איר אונטער, —
זיי שטילער, עס קומט אַ פֿרימאָרגען, אַ העלער, אַ בונטער, —
זיי שטילער, זיי שטילער, פֿאַרבאָרגענער געניוס מיינער.

### יב.

אריבער מיין קאָפּ הענגט די אומרוה פון גוסס׳ע וועלטען,
און אונטער די פיס מיינע וויינט די פארבלוטיגטע ערד,
אויף יענע וואָס לעבעדיג ווערען באַגראָבען אין קברים,
אויף קינדער וואָס ווערען אין לופטען געטראָגען אויף שפּיצען
פון שווערד.

אריבער מיין וועלט הענגט דער גיהנום וואו ס׳ראנגלען זיך
וועלטען מיט וועלטען,
און ראנגלענדיג פאַלען זיי גוסס׳ע איינע נאָך איינע צום גרונט,—
און שטום בין איך, שטום בין איך, שטום בין איך, שטום ווי
איהר אַלע, —
צו קען דען א מענש זיך מיט ווערטער פארהיילען זיין אייגענע
וואונד? —

ניט איך בין דאָך דער וואָס וועט אייך פונ׳ם אָפּגרונט דערלייזען,
ניט איך וועל דערהויבען אייך אַלע צו גאָט און צו לייט, —
נאָר ערגעץ איז דאָך נאָך דאָס בלוט פונ׳ם נביא פארשטומט ניט
געוואָרען
און טראָגט זיך אריבער די וועלטען פון נאָהענט און וויים.

און אָנצינדען וועט זיך דאָס בלוט אין א העלישען פייער,
און אויפקלייבען וועלען זיך ביינער צו ביינער און קנאָכען צו
קנאָכען צו גלייך,
און אויסגיסען וועט זיך אויף אייך אָט דער צאָרן פון העלישען
פייער,
אזוי ווי אויף פעלדער א נאָר וואָס צוגאַנגענער טייך.



## אינהאַלט:


אין שטאָטישען רויש — — — — — — — — — — 5—36
אויף וועגען — — — — — — — — — — — 100—110
מיט זיך אליין — — — — — — — — — — — 84—96
ביי מיין שוועל — — — — — — — — — — 39—80